# געזעץ אין בירא-בידזשאַן

(פאַקטן און דערפאַרונגען)

---

## בירא-בידזשאַן

דעם 28טן מערץ, אין יאָר 1928, האָט די סאָוועטן־מלוכה באַשלאָסן אויסצוטיילן בירא־בידזשאַן פאַר אויסשליסלאַכער אידישער מאַסן-קאָלאָניזאַציע, מיט דער אָנווייזונג, אַז ביי גינסטיקע רעזולטאַטן פון דער קאָלאָניזאַציע זאָל דאָרט אויסגעבילדעט ווערן אַ אידישע סאָציאַליסטישע סאָוועטישע רעפּובליק. דער דאָזיקער באַשלוס איז אין הסכם מיט דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון דער אַלפאַרבאַנדישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און דער סאָוועטן־מלוכה, וואָס שאַפט די באַדינגונגען פאַר דער עקאָ-נאָמישער, נאַציאָנאַלער און קולטורעלער אַנטוויקלונג פון יעדן פאָלק, ווי גרויס אָדער קליין עס זאָל נישט זיין, וואָס לעבט אויף דער טעריטאָריע פון סאָוועטן-פאַרבאַנד.

דער ענין בירא־בידזשאַן האָט אַרויסגערופן דעם גרעסטן אינטערעס אין דער אידישער געזעלשאַפטלאַכקייט. ער האָט באַשאַפן מאַסן פריינט און אַ היבש ביסל שונאים. די פריינט זיינען די האַרעפּאַשנע אידישע מאַסן. די שונאים זיינען ציוניסטן מכל המינים און סתם שונאים פון סאָוועטן-פאַרבאַנד. זיי פירן אַ צוויי־מינימ׳דיקע קאַמפּאַניע קעגן בירא־בידזשאַן. פון איין זייט דערציילן זיי, אַז בירא־בידזשאַן איז אַ ווילדער געגנט מיט אוממעגלאַכע קלימאַטישע באַ־דינגונגען און איז ניט מסוגל צו פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ מענטשלאַכן

ישוב. פון דער צווייטער זייט האלטן זיי אין איין פארשפרייטן פאר־שידענע רכילות'ן, אז בירא־בידזשאן וועט ניט זיין קיין אידישע רעפובליק, און אידן וועלן אהין נישט גיין.

וואס איז די ווירקלאכקייט ?

די פרטים און אויספירן וועגן דעם, וואס ווערן געבראכט ווייטער, זיינען א רעזולטאט פון פערזענלאכע דערפארונגען און באאבאכטונגען אין בירא-בידזשאן.

איך האב דארט פארבראכט פון מיטן חודש סעפטעמבער ביז אין מיטן חודש אקטאבער — א פולן חודש צייט. איך האב באזוכט א גאנצי רייע פונקטן און זיך גענוי אינפארמירט וועגן דער ארטיקער לאגע אין אלע פרטים, סיי וועגן די ווירטשאפטלאכע און אינדוסטריעלע מעגלאכקייטן, סיי וועגן די קלימאטישע באדינגונגען, סיי וועגן די פער־ספעקטיוון פאר א אידישן נאציאנאלן אדמיניסטראטיוון „איינס".

# ארט, שטח, באפעלקערונג

בירא־בידזשאן געפינט זיך אויפן ווייטן מזרח ביי דער מאנדזשורישער גרענעץ, אויף דעם בארימטן טייך אמור, 8500 קילאמעטער פון מאסקווע, און עס נעמט אכט מעת לעת פארן מיט דעם קוריער־צוג; פארנעמט א שטח פון פיר מיליאן העקטאר, אדער צען מיליאן אקער. אין דער ליינג און אין דער ברייט פונם ראיאן פליסן פיל טייכן.

די באפעלקערונג באשטייט פון די פאלגענדיקע פעלקער: קאזאקן רוסן, אוקראינער, קארייער, כינעזער און טונגוסן. אין אקטאבער 1930 האבן זיך דארט שוין געפונען אויך ביי דריי טויזנט אידישע איבער־וואנדערער. צוזאמען א באפעלקערונג פון ארום 37,500 נפשות, אין זעכציק פונקטן (גרעסערע דערפער), אויסער צענדליקער און צענדליקער קלענערע ישובים.

דער גרעסטער טייל פון די אידישע איבערוואנדערער זיינען קאנ־צענטרירט אין די פאלגענדיקע ערטער: אמורזעט, וואלדהיים, בירעפעלד,

טיכאָנקע, ביראקאַן, און קאָמונע איקאָר. אין אַמורזעט, וואַלדהיים, און בירעפעלד לעבן צו אַרום פיר הונדערט נפשות אין יעדן. אין טיכאָנקע איבער פינף הונדערט, אין ביראקאַן אַרום הונדערט, אין דער איקאָר קאָמונע 65. די איבעריקע לעבן צעוואָרפן אין אַנדערע פּונקטן. אַמור־זעט געפינט זיך אויפן לינקן ברעג פון אַמור, אויף וועלכן עס קורסירן גאַנץ גרויסע שיפן. די אַנדערע פינף פּונקטן, מיט דער אויסנאַם פון בירעפעלד געפינען זיך פּאַקטיש אינם שטח פון דער אייזנבאַן־ליניע, וואָס איז אויף דער הויפּט־ליניע, וואָס ציט זיך פון מאָסקווע קיין וולאַדיוואָסטאָק.

פון כאַבאַראָווסק קיין אַמורזעט בין איך געפאָרן אַנדערהאַלבן מעת לעת מיט אַ שיף. די שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן ברעג כמעט אַלע צוויי־דריי שעה, און יעדעס מאָל זיינען מענטשן אַרונטער, נייע מענטשן זיינען אַרויפגעגאַנגען, פּעק און קאַסטנס מיט פאַרשידענע סחורות זייען אַרונטערגעטראָגן געוואָרן און נייע פּעק און קאַסטנס זיינען אַריינגעבראַכט געוואָרן. אַזעלכע קליינע ישובים אויף אַ מהלך פון צוויי־דריי שעה רייזע איינער פון אַנדערן געפינען זיך לינקס דעם גאַנצן אַמור־ברעג.

פון כאַבאַראָווסק, די הויפּט־שטאָט פון ווייטן מזרח, לעבן דער טייך אַמור, ביים גרענעץ פון בירא־בידזשאַן, קיין טיכאָנקע איז בערך 4 שעה רייזע מיט דער באַן. אויפן וועג האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אין פּאָקראָווקע, וואו עס בויט זיך איצט אַ ראַטן־ווירטשאַפט פאַר מילך און גערטנעריי. (דאָרט אַרבעטן איצט אַרום צוויי הונדערט מענטשן, 25 פּראָצענט פון זיי זיינען אידן). אַביסל אין אַ זייט פון פּאָקראָווקע איז ניקאָלייעווקע, אויף דעם טייך טונגוסקע, וואו עס געפינט זיך אַ גרויסע זעג־מיל. אין דער געגנט פון דער סטאַנציע וואָלאָטשאַיעווקע זעען זיך די הייזער פון דער איקאָר קאָמונע. אויף יענער זייט טיכאָנקע, ווייטער צו מערב, האָב איך באַזוכט די סטאַנציע ביראקאַן. אַזוי האָב איך געזען אַ צאָל וויכטיקע פּונקטן, וואָס געפינען זיך אויף דער אייזנבאַן־ליניע.

אין די פיר פּונקטן, אַמורזעט, וואַלדהיים, בירעפעלד און איקאָר קאָמונע, באַשעפטיקט זיך דער עולם מיט לאַנדווירטשאַפט און ביי לאַנדווירטשאַפטלאַכע אינדוסטריעס, ווי בינען־צוכט, חזירים־צוכט און פי־צוכט. די פּונקטן טיכאָנקע און ביראקאַן זיינען אינדוסטריעלע. סיי

די לאנדווירטשאפטלאכע, סיי די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען זיינען ארגאניזירט אויף קאלעקטיווע יסודות.

א גאנץ היבשער פראצענט פון די דריי טויזנט אידישע פיאנערן האבן נאך זייערע פאמיליעס אין זייערע אלטע היימען. די סיבה איז דער מאנגל אין וואוינונגען. מיט די דאזיקע דערווארטע פאמיליעס, וועט די צאל פון אידישע איבערוואנדערער דערגרייכן ארום זעקס טויזנט.

## מעגלעכקייטן פאר לאנדווירטשאפט

דער ווינטער אין בירא-בידזשאן איז א טרוקענער, מיט זייער ווייניק שניי. דערפאר איז די געגנט ניט גינסטיק פאר ווינטער-תבואות. וואס איז שייך אלע זומער־קולטורן, סיי ברויט־קולטורן, סיי אלע פארשידענע גארטן-קולטורן, וואקסן זיי דארט מיט דעם גרעסטן דער־פאלג. מיט ניט ווייניקער דערפאלג אנטוויקלען זיך דארט גאנץ באַ־דייטנדיקע ביי-לאנדווירטשאפטלאכע אינדוסטריעס, ווי האניק, פלייש און מילך. די בלימעלאך, פון וועלכע די בינען ציען זייער חיונה, וואקסן דארט אין די מאסן. אויך געפינען זיך דארט גרויסע סטעפן באדעקט מיט פעטן גראז צו פיטערן פי. אחוץ אלע געוויינלאכע ברויט- און גארטן־פראדוקטן, וואקסן דארט מיט אויסערגעוויינלאכן דערפאלג סאיע-בעבלאך, זונרייזן (פוןביידע קולטורן ווערט פראדו-צירט בוימל), און רייז.

## לאנדווירטשאפטלעכע קאלעקטיוון

אמורזעט. — אויפן ברעג פון טייך אמור, ארום 12 קילאמעטער פון יעקאטערינא־ניקאלסק; באפעלקערונג ארום 400 נפשות, 60 הייזער און א גאנץ גרויסער באראק פאר נייע איבערוואנדערער.

אין מיין צייט זיינען דארט געבויט געווארן צוויי נייע 6-פאמיליען הייזער. יעדע הויז קאסט ארום 10 טויזנט רובל. די הייזער ווערן געבויט איין־גארנדיקע, פון קיילאכדיקע קלעצער און געדעקט מיט היל-צערנע ברעטער. דער קאלעקטיוו האט אויך דעמאלט געהאלטן אין

בויען א ספעציעלע הויז פאַר א קינדער-שולע, א גרויסן שייער צו האַלטן די תבואות, א שטאַל פאַר הונדערט בהמות, א חזיר־שטאַל, א פערד־שטאַל פאַר פערד און א גרויסן זייערניק (אזא טיפע גרוב וואו עס ווערן איינגעזייערט גראָזן און געוויקסן, וואָס ווערן אין ווינטער באַנוצט צו שפּייזן די בהמות). אין 1930 יאָר האָבן זיי דאָרט פאַרזייט 206 העקטאַר ווייץ, 305 העקטאַר האָבער, 210 העקטאַר גריקע, 30 העקטאַר סאָיע-בעבלאַך, 16 העקטאַר קאַרטאָפל, 9 העקטאַר פאַרשידענע גאָרטן-פּראָדוקטן, ווי קרויט, בוריקעס, טאָמאַטעס, אוגערקעס, מערן, קאַוועגעס, דיניעס, אַרבוזן, און נאָך איינּיקע קולטורן, צוזאַמען 876 העקטאַר (2190 אקער). אין זומער האָבן זיי אַרונטערגענומען 20 טויזנט

פוד היי. דער אינווענטאַר באַשטייט פון 70 פערד, 40 קי, ביי 30 קעלבער, א היבשע צאָל חזירים, 160 בינשטאָקן. פאַראַן אויך א גרויסע טראַקטאָר־סטאַנציע, 7 רעדער-טראַקטאָרס, 7 „קלעטראַקס“, א מאָטאָרציקל, א גרויסער מאָטאָר־טראַק, מאַסן וועגענער, פלוגן, בראָנעס, און נאָך אַזעלכע לאַנדווירטשאַפטלאַכע מכשירים. האָב דאָרט אויך געטראָפן א היבשע קוזניע פאַר שמידן פערד, פאַרריכטן וועגענער א. אז. וו. אויף דער טראַקטאָר־סטאַנציע זיינען באַשעפטיקט 25 טראַקטאָ-ריסטן. אחוץ אַלע נויטיקע איינריכטונגען אין דער טראַקטאָר-סטאַנציע האָבן די טראַקטאָריסטן איינגעשטעלט אַן עלעקטרישן אַפּאַראַט. נאָר צוליב מאַנגל אין איניקע קליינּיקייטן האָט דעמאָלט דער עלעקטרישער אַפּאַראַט נאָך נישט פונקציאָנירט. פאַר דער נאָענטער צוקונפט ווערט געפּלאַנט אויסצובּרייטערן די ווירטשאַפט דורך פי-צוכט און חזירים־צוכט.

וואַלדהיים. — אַרום 12 קילאָמעטער פון טיכאָנקע (דער צענטער פון בירא־בידזשאַן). פאַרנדיק פון טיכאָנקע קיין וואַלדהיים האָב איך געטראָפן די צוויי איקאָר עקסקאַוואַטאָרס ביי דער אַרבעט. מען האָט דעמאָלט אויסגעלייגט א ברייטן אָנגעשאָטענעם וועג, וואָס ציט זיך פון טיכאָנקע ביז וואַלדהיים. אַריינגעפאָרן בין איך אין וואַלדהיים דורך א גרויסן טויער מיט פאַרשידענע דעקאָראַציעס, אויפשריפטן און לאָזונגען. דאָס פּורל איז אַריינגעפאָרן אין א שיינער און ברייטער גאַס צווישן צוויי רייען הייזער, 60 אין צאָל, פּלאַנמעסיק אויסגעשטעלט. די הייזער זיינען געבויט פאַר פיר און זעקס פאַמיליעס, אויף דעם זעלבן אופן ווי אין אַמורזעט. (דאָ קאָסטן די הייזער א סך ביליקער, ווייל וואַלד איז נאָענט און צופירן די קלעצער קאָסט ווייניקער ווי אין אַמורזעט.)

די באַפעלקערונג דאָרט איז אַרום 400 נפשות. דער לעבעדיקער און טויטער אינווענטאַר באַשטייט פון 86 פערד, 90 בהמות, 300 בינשטאָקן, און אַ גרויסע צאָל חזירים און עופות. בשעת איך בין דאָרט געווען, האָט זיך געבויט אַ שטאַל פאַר אייניקע הונדערט בהמות, אַ פערד־שטאַל פאַר איבער הונדערט פערד, אַ גרויסער סילאָס-טורעם צו האַלטן אין ווינטער פאַרשידענע גאָרטן־פּראָדוקטן, אַ זייערניק, אַ הויז פאַר טויזנטער הינער, אַ גרויסע געביידע אריינצושטעלן אַן אינקובאַטאָר, און אַ ספּעציעלע הויז צו האַלטן די בינשטאָקן אין ווינטער-צייט. לעצטן יאָר האָבן די איבערוואַנדערער אַרונטערגענומען פון די פעלדער 3000 פּוד טאָמאַטעס, 3000 פּוד קרויט, 1500 פּוד קאַרטאָפל, און נאָך אַ גאַנצע רייע גאָרטן־פּראָדוקטן. האָבן אויך געהאַט 300 פּוד האָניק. דער קאָלעקטיוו וועט זיך אָריענטירן אויף פּי־צוכט, פליגל־צוכט, חזירים-צוכט, בינען-צוכט, און גאָרטן-פּראָדוקטן.

בירעפעלד. — באַפעלקערונג אַרום 400 נפשות. דער ישוב פאַר־מאָגט 150 פערד, 1200 בינשטאָקן. ביז לעצטנס האָט זיך דער קאָלעק־טיוו באַשעפטיקט הויפּטזאַכלאַך מיט פּראָדוצירן ברויט-פּראָדוקטן. פון קומענדיקן יאָר אָן וועט זיך דער קאָלעקטיוו ספּעציאַליזירן אין קולטי־ווירן סאָיע־בעבלאַך און זונרייזן. אויך אין פּי־צוכט און בינען־צוכט. דער פּלאַן איז אויסצוברייטערן די פּי־צוכט ווירטשאַפט ביז 600 בהמות, און די בינען-צוכט ווירטשאַפט ביז 3000 בינשטאָקן. דער קאָלעקטיוו וועט אַריינעמען נאָך 300 פאַמיליעס און וועט דעם יאָר באַאַרבעטן 1200 העקטאַר לאַנד, 3000 אַקער.

איקאָר קאָמונע. — אַרום 40 קילאָמעטער פון דער גרויסער שטאָט כאַבאַראָווסק, און אַרום 10 קילאָמעטער פון דער באַן-סטאַנציע וואָלאָטשאַיעווקאַ. צאָל פון קאָמונאַרן 65, צווישן זיי 18 פרויען. בעת מיין באַזוך האָבן זיי געבויט אַ גרויסע קאָמונאַלע הויז און אַ סילאָס־טורעם צו האַלטן אין ווינטער גאָרטן-פּראָדוקטן. זייער אינווענטאַר באַ־שטייט פון 100 בהמות, 30 חזירים און 15 פערד. באַשעפטיקן זיך הויפּטזעכלאַך מיט פּראָדוצירן גאָרטן־פּראָדוקטן, באַזונדערס קאַרטאָפל. לעצטן האַרבסט האָבן אייניקע קאָמונאַרן זיך פאַרנומען מיט פיש-פאַנג אין טייך טונגוסקע און האָבן אין איינע צוויי וואָכן צייט געכאַפּט אַרום 500 פּוד פיש און אַרויסבאַקומען אַרום 35 פּוד קאַוויאַר.

## וואוינונגען און פאַרדינסטן

סיי אין אַמורזעט, וואַלדהיים און בירעפעלד, וואָס זיינען אָרגאַני-זירט אין קאָלווירטן, סיי אין דער איקאָר קאָמונע, וואָס איז אָרגאַני-זירט אויף קאָמונאַלע יסודות, ווערן די וואוינונגען באַזאָרגט פון כלל און באַלאַנגען צום כלל. דער חילוק איז נאָר, וואָס אין דער קאָמונע לעבן אַלע צוזאַמען, סיי אין פּרט פון וואוינונגען, סיי אין פּרט פון עסן, און אין די קאָלווירטן לעבט דער עולם באַזונדער, קויפן זייערע נויטיקע פּראָדוקטן צום לעבן אין די אָרטיקע קאָאָפּעראַטיוון און צאָלן לויט העם באַשטימטן פּרייז פון קאָלווירט.

וואָס איז שייך די פאַרדינסטן, איז סיי אין די קאָלווירטן, סיי אין דער קאָמונע, קריגן אַלע באַצאָלט פון טאָג. דער דורכשניטלאַכער פאַרדינסט אין די קאָלווירטן איז פון 40 ביז 60 רובל אַ חודש פאַר אַ מענטשן, מיט דירה פריי. (איבערוואַנדערער־פאַמיליעס האָבן אָפּט צו צוויי און דריי אַרבעטנדיקע). אין דער איקאָר קאָמונע זיינען די קאָמונאַרן איינגעטיילט אין 3 גרופּן: אין דער ערשטער גרופּע פאַר-דינט מען 25 רובל אַ חודש, אין דער צווייטער — 32, אין דער דריטער — 45 רובל, אויסער וואָס אַלע קריגן פריי דירה און עסן, און עס ווערט פאַר זיי אַפילו די וועש געוואַשן פריי. שאָפערס און טראַקטאָריסטן פאַרדינען פון 90 ביז 125 רובל אַ חודש און קריגן אויך פרייע דירה. פאַרן עסן דאַרפן זיי צאָלן; זיי עסן אין די אָרטיקע קאָאָפּעראַטיוון און צאָלן פאַר דריי מאָל אַ טאָג עסן אַ רובל מיט 10 קאָפּיקעס.

## פאַרדינסט פון בוי-אַרבעטער

דער פאַרדינסט פון בוי־אַרבעטער, ווי טעסלער, סטאָליאַרעס, מויערער און בלעכער גרייכט פון 5 ביז 8 רובל אַ טאָג. עס ווענדט זיך אָן דער קוואַליפיקאַציע פון דעם אַרבעטער. זיי ווערן אויך פאַרזאָרגט מיט פרייע דירות. פאַרן עסן דאַרפן זיי אַליין צאָלן. פאַר רעגנדיקע טעג ווערט זיי געצאָלט צוויי-דריטל פון די געוויינלאַכע שכירות. זיי קריגן אויך פריי באַן-בילעטן פון זייער וואוינונג-אָרט, פאַר זיך און פאַר די פאַמיליעס. די אָרימערע קריגן אַפילו 2 רובל מיט 50 קאָפּיקעס אַ טאָג אויף עסן און אַנדערע הוצאות, די גאַנצע צייט פון דער רייזע.

# אינדוסטריעלע פונקטן

טיכאָנקע. — א גאַנץ גרויסע צאָל הייזער, צעשטעלט אין אייניקע גאַסן. די גאַסן באַלויכטן מיט עלעקטרישע לאָמפּן. אין איין עק שטעטל איז די באַן־סטאַנציע מיט דער פּאָסט און טעלעגראַף קאַנטאָר. אין צווייטן עק, ניט ווייט פון דער פּראָכטפולער בירע, די גרויסע ווייסע „געזערד"־הויז, וואו ס׳געפינען זיך אלע קאַנטאָרן פון „געזערד" און „קאָמערד". ניט ווייט פון דער הויז — א צווייטע גרויסע געביידע פון „געזערד" פאַר איבערוואַנדערער. די באַוועגונג אין די גאַסן איז א גאַנץ לעבעדיקע. עס מאַכט דעם איינדרוק פון אַן אמת אייראָפּייאישער קליין שטעטל. די באַפעלקערונג איז א געמישטע, פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן. צווישן זיי ארום 500 אידישע נפשות. א גרויסער טייל פון זיי זיינען אָרגאַניזירט אין די פאָלגנדיקע אינדוסטריעלע ארטעלן.

1) ארטעל „בירא-בידזשאַן". אַן ארטעל פון 70 מיטגלידער, וואָס פאַבריצירט ווינער ביינקלאַך. אין יאָר 1931 ווערט דער ארטעל פאַרגרעסערט ביז 120 מיטגלידער. די פאַבריק איז אין א הילצערנער געביידע, זייער ליכטיק און לופטיק, מיט אייניקע מאָדערנע מאַשינען. די ארטעל גיט ארויס יעדע צוויי טעג א וואַגאָן ביינקלאַך, 24 טוצן. וואָלטן זיי געהאַט אלע נויטיקע מאָדערנע מאַשינען, וואָלטן זיי געווים געווען בכח צו פאַבריצירן א סך מער און ממילא וואָלטן זייערע פאַרדינסטן געווען גרעסער און די ביינקלאַך וואָלטן געקאָנט פאַרקויפט ווערן א סך ביליקער. די פאָדערונג אויף די דאָזיקע ביינקלאַך איז זייער גרויס און מען רייסט זיי פשוט פון די הענט. די גאַנצע ארטעל איז כמעט אָפּגעזונדערט פון דער איבעריקער באַפעלקערונג. אויף א פאַרצאַמטן גרויסן שטח לאַנד שטייען אייניקע הייזער און אין דעם גרעסטן טייל פון דעם שטח לאַנד ווערן קולטיווירט פאַרשידענע גאָרטן־פּראָדוקטן. זיי האָבן אויך א ביסל לעבעדיקן אינווענטאַר, ווי בהמות, חזירים, א. א. וו. זייער פאַרדינסט גרייכט ביז 200 און 250 רובל א חודש.

2) ארטעל „קאָליאַסאַ רעוואָלוציע". אַן ארטעל פון עטלאַכע און דרייסיק מאַן. פאַבריצירט גרויסע וועגענער פאַר לאַנדווירטשאַפט. די פאַבריק-געביידע, א הילצערנע, איז זייער א גרויסע און ליכטיקע. די ארבעט ווערט אָבער געטאָן אויף זייער א פּרימיטיוון אופן. די נויטיקע שטיקלאַך אייזן, וואָס ווערן באַנוצט צו די וועגענער, ווערן אָנגעהיצט מיט אַן אַלט־מאָדישן בלאָזאַק. ניט געקוקט אויף דעם, וואָס ביי אזעלכע

אומישטענדן מוזן די וועגענער קאָסטן זייער טייער, דאָך איז די פאָדערונג אויף זיי זייער גרויס און דער דורכשניטלאַכער פאַרדינסט פון די אַרטעל־מיטגלידער איז ביז 200 רובל אַ חודש. אויך די אַרטעל האַלט אין פאַרגרעסערן דעם פּערסאָנאַל און טרעט-צו צו בויען נייע וואוינונגען פאַר די מיטגלידער.

3) אַרטעל „טישעמאָדאַן“. אין אַרטעל פון עטלאַכע און צוואַנציק יונגטלאַכע אַרבעטער, מענער און פרויען, וואָס פּראָדוצירן טשעמאָדאַנעס. אויך די סחורה ווערט זייער גוט פאַרקויפט און דער פאַר־דינסט גרייכט ביז 150 רובל אַ חודש.

4) אַ קורסאַנטן-אַרטעל, וואו אַרום 40 יונגטלאַכע לערנען זיך סטאָלעריי. זיי קריגן פון ערשטן טאָג פון זייער לערע 45 רובל אַ חודש און וואוינונג פריי. די אינסטיטוציע באַצאָלט זיך טיילווייז פון דער

אַרבעט פון די קורסאַנטן. זיי מאַכן ביליקע מעבל, ווי שרייב־טישן,ביינקלאָך, א. אז. וו. דאָס איבעריקע באַצאָלט די רעגירונג.

5) אַ טריקאָטאַזש אַרטעל. אַ געוויסע צאָל פרויען פאַבריצירן זאָקן.

6) אַ שוסטער אַרטעל פון איייניקע שוסטער.

אין דיביידע אויבנדערמאָנטע אַרטעלן פאַרדינט דער עולם ניט שלעכט.

7) אַ ציגל אַרטעל. די דאָזיקער אַרטעל איז גאָר נישט שלעכט איינגעאָרדנט און געפינט זיך צווישן טיכאָנקע און וואַלדהיים, נאָענטער צו וואַלדהיים. דער גרעסטער טייל פון די אַרבעטער זיינען קאָריייער. דער פאַרדינסט איז זייער אַ גוטער.

צו די אַלע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען דאַרף נאָך פאַרצייכנט ווערן די אידישע דרוקעריי, וואו עס ווערט אַרויסגעגעבן אַ 5-טאָגיקע אידישע צייטונג, „ביראָ־בידזשאַנער שטערן“, און אַנדערע פאַרשידענע דרוק־מאַטעריאַלן.

ביראקאַן. — א גרויסער צעוואָרפענער דאָרף איבער בערג. אויך נישט ווייט פון דער טייך בירא. די באַפעלקערונג איז א געמישטע, דערין ארום 100 אידישע נפשות, וועלכע זיינען אָרגאַניזירט אין די פאָלגנדיקע צוויי אינדוסטריעלע ארטעלן.

1) קאַלך ארטעל. אין דער דאָזיקער ארטעל זיינען אָרגאַניזירט 45 מאַן. דער גרעסטער טייל פאַמיליען-פאָרשטייער, איינגעוואַנדערטע פון פארשידענע געגנטן אין סיביר. די גאַנצע פאַבריק באַשטייט פון צוויי גרויסע קאַלך-אויוונס, וואָס שטייען ביים ראַנד פון א גרויסן שטח בלוי-שטיינערנעם באָדן. די דאָזיקע שטיינער ווערן געשפאָלטן אין קליינע שטיקלאַך און ווערן איבערגעברענט און פארוואַנדלט אין קאַלך. ניט געקוקט אויף דעם, וואָס די ארבעט ווערט דאָרט געטאָן אויף זייער א פרימיטיוון אופן און, אנשטאָט צו באַנוצן זיך מיט מאָדערנע מאַשינען, ווערן די שטיינער געשפאָלטן מיט פשוט'ע האַמערס און אייזערנע לאַנגע לאָמען, פארדינט דער עולם אין דורכשניט פון 7 ביז 8 רובל א טאָג. דער פארדינסט ווערט צעטיילט צווישן אַלע מיטגלידער גלייך, אויסער דעם פארוואַלטער — ער קריגט שוין א באַשטימטע חודש'לאַכע שכירות. אין זעלבן געגנט געפינען זיך נאָך א פאָר קאַלך-פאַבריקן, וואָס ווערן באַארבעט פון ניט-אידן.

2) פעך ארטעל. פארנעמט זייער א גרויסן שטח, געוועזענער וואַלד, איצט באַדעקט מיט געדיכטע קאָרטשעס (פעניעס). די דאָזיקע קאָרטשעס ווערן ארויסגעריסן פון דער ערד און ווערן פארוואַנדלט אין פעך און אין אזא מעדיקאַמענט פאַר אויסערלאַכע קראַנקהייטן. אויך דאָ ווערט געארבעט זייער פרימיטיוו און דאָך איז דער פארדינסט גאַנץ באַדייטנדיק. די דאָזיקע ארטעל האַלט זיך ערשט אין אָרגאַניזירן און באַשטייט דערווייל פון א צענדליק מאַן, איבערוואַנדערער פון ווייס-רוסלאַנד.

אין דער זעלבער געגנט געפינען זיך אויך גרויסע אוצרות פון צעמענט, אזבעסט, מירמל-שטיינער, פארשידענע פארבן און דער נויטיקער זאַמד פאַר ציגל. אַט די אַלע נאַטור-אוצרות קאָנען זיך אנטוויקלען אין גאַנץ גרויסע אינדוסטריען.

## בינגאַן בערג

ארום הונדערט קילאָמעטער פון ביראקאַן, צווישן די בינגאַן-בערג

אין „טאָל פון סוטאר“, געפינען זיך אויך גאַנצע באַדייטנדיקע גאָלד-גרובן. ארום דעם דאָרף סאָיוזני אין דרום-מערב טייל פון בירא-בידזשאן געפינט זיך א גרויסער גראַפיט-באַרג, וואו די גראַפיט-אוצרות ווערן געשאַצט אין צענדליקער מיליאָנען טאָן. דער געגנט איז אויך אָנגעפילט מיט גרויסע אוצרות פון טאָרף און אַרץ (דער זאַמד, פון וועלכן עס ווערט אויסגעאַרבעט שטאָל און אייזן).

## קוראָרט קולדור

ארום 32 קילאָמעטער פון דער סטאַנציע ביראַקאַן געפינט זיך דער „קוראָרט קולדור“. דאָרט פליסן הייסע וואַסער-קוואַלן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר א זייער גוטן היילמיטל פאַר פאַרשידענע הויט-קראַנקהייטן און רומאַטיזם. איך האָב שוין דאָרט געטראָפן דריי האָטעלן מיט שלאָף-צימערן, אַן עס-צימער וואָס קען באַדינען 240 מענטשן, א שפּיטאָל מיט פופציק בעטן פאַר ערנסטע קראַנקע, א פּאָלי-קליניק, אייניקע באָד-הייזער, אַדמיניסטראַטיווע הייזער, לאַגער-הייזער, א דאַמף-וועשעריי, א בעקעריי, אַן אַפּטייק און לאַבאָראַטאָריע, און אַן עלעקטרישע סטאַנציע.

פאַר דער נאָענטער צוקונפט ווערט געפּלאַנט צו בויען א גרויסן האָטעל פאַר א טויזנט מענטשן און שאַפן א גרויסע מילך, עופות און גאָרטן-ווירטשאַפט וואָס זאָל קענען שפּייזן ארום א טויזנט פּאַציענטן.

## וואַלד און קוילן

בירא-בידזשאן איז אויך געבענטשט מיט גרויסע אוצרות פון קוילן און וואַלד. סיי די קוילן, סיי דער וואַלד געפינען זיך אין אייניקע געגנטן און קענען אַנטוויקלט ווערן אין גאַנץ גרויסע אינדוסטריען. באַזונדערס איז בירא-בידזשאן רייך אין וואונדערבאַרן וואַלד, ווי צעדער-בוים, רויטבוים, קאָרקנבוים, טענענבוים, דעמב, יעשן, בערעזע, און נאָך אַנדערע.

# חיות, פייגל, פיש

ביז היינט צו טאָג געפינען זיך נאָך גרופּעס פון די אַלטע איינוואוינער אין ביראָ־בידזשאַן, וואָס באַשעפטיקן זיך אויסשליסלאַך מיט יאַגד פון חיות און פייגל, און מיט פיש־פאַנג. ביסלאַכווייז באַנוצן זיך שוין אויך די אידישע איבערוואַנדערער מיט דער דאָזיקער געלעגנהייט.

חיות. — אין גרעסערע צאָלן געפינען זיך אין ביראָ־בידזשאַן די פאָלגנדיקע חיות: וועווערקעס, טכוירן, פוקסן, ווילדע חזירים, ווילדע ציגן, הירשן, בערן.

פייגל. — די וויכטיקסטע יאַגד-פייגלען אין ביראָ-בידזשאַן זיינען ווילדע גענז, ווילדע קאַטשקעס, ווילדע הינער און פאַזאַנעס.

פיש. — די גרויסע צאָל טייכן און שטראָמען, באַזונדערס דער גרויסער טייך אַמור, וואָס ציט זיך לייגנס דער גאַנצער געגנט פון ביראָ-בידזשאַן, זיינען פול מיט פאַרשיידנסטע פיש. פון די מער באַקאַנטע פיש געפינען זיך דאָרט דער אָקון, העכט, סאַם, קאַרפּ, יאַזש, טשומען, סטויר־דזשען.

## פאַראייניקונג פון קוסטאַר-געווערבן

די אַלע אויבן דערמאָנטע אינדוסטריעלע אַרטעלן זיינען פאַראייניקט אין איין צענטראַלער קערפּערשאַפט, וואָס האָט די אויפגאַבע צו באַזאָרגן די אַרטעלן מיט דעם נויטיקן רויען מאַטעריאַל, אָפּזעצן די אויפגעאַרבעטע סחורות, שאַפן די פינאַנציעלע מיטלען און בכלל אָנפירן מיט דער ברייט־פאַרצווייגטער אַרבעט. די דאָזיקע קערפּערשאַפט געפינט זיך אין טיכאָנקע אין אַ גאַנץ שיינער קאַנטאָר מיט איינציקע אָנגעשטעלטע, ווי פּלאַנירער, עקאָנאָמיסטן און בוך־פיהער.

## מיטגלידערשאַפט אין אַרטעלן און קאָלעקטיוון

סיי אין די לאַנדווירטשאַפטלאַכע, סיי אין די אינדוסטריעלע אַר־

טעלן מוז יעדער מיטגליד איינצאָלן א „פיי" (א חלק), די סומע פון איין חודש אָדער צוויי חדשים שכירות. די דאָזיקע סומע ווערט אויסגעצאָלט אין 10 פראָצענט פון די לויפנדיקע שכירות. יעדן חודש ווערט ארונטער־גענומען 10 פראָצענט פון פארדינסט ביז די סומע ווערט אינגאנצן אויסגעצאָלט. ווען א מיטגליד ציט זיך צוריק פון ארטעל, איז ער בארעכטיקט צו דער סומע, וואָס ער האָט איינגעצאָלט. ער מוז אָבער וואַרטן ביזן סוף פון ווירטשאפטלאכן יאָר, און אויב די אונטערנעמונג האָט ניט געמאכט קיין דעפיציט קריגט ער אויסגעצאָלט די פולע סומע. אויב די ביכער ווייזן אָבער א פארלוסט, ווערט אים ארונטערגענומען די סומע פון פארלוסט, וואָס נעמט זיך אָן אויף זיין חלק. דאָס איבעריקע קריגט ער אויסגעצאָלט אין מזומן.

# קאָמונאַלע און קולטורעלע אינסטיטוציעס

כמעט אין די אַלע אויבן דערמאָנטע פונקטן, סיי אין די לאַנד־ווירטשאפטלאכע, סיי אין די אינדוסטריעלע, געפינען זיך די פאָלגנדיקע קאָמונאַלע און קולטורעלע אינסטיטוציעס:

1) א קאָמונאַלע הויז פארן דאָרפראַט.

2) א קאָאָפּעראַטיוו פון פארשידענע סחורות, ווי שיך, קליידער, הויז־אַרטיקלען, און פארשידענע עסנוואַרג־פּראָדוקטן.

3) קינדער־שולע פון צוויי און דריי צימערן מיט איינעם אָדער צוויי לערער. (אין די אויסלשיסלאך־אידישע פונקטן, איז די לערן־שפּראַך אידיש.) אין די שולעס קריגן די קינדער עסן און איין מאָל א טאָג א ווארימען מאָלצייט.

4) א יאַסלע. א הויז און גאָרטן, וואו עס ווערן געהאַלטן די קליינע קינדער, אין דער צייט ווען די מוטערס זיינען פארנומען ביי דער ארבעט אין די פעלדער. די קינדער ווערן דאָרט געשפייזט דעם גאנצן טאָג און ווערן אויפגעפּאַסט פון ספּעציעלע מענטשן.

5) א בעקעריי, וואו עס ווערט געבאַקן ברויט פארן גאנצן ישוב.

6) א רעסטאָראַן, וואו עס ווערט סערווירט דריי מאָל אַ טאָג עסן פאַר איין רובל מיט 10 קאָפּיקעס אַ טאָג.

7) אַ מעדיצינישער פּונקט, וואו עס געפינט זיך אַ פעלשער און, אין די גרעסערע ישובים, אַ געענדיקטער דאָקטאָר.

8) קלוב-צימערן. אייניקע זיינען אַזוי איינגעריכטעט און צוגע-פּאַסט אויפצופירן פאַרשידענע טעאַטער-שפּילן און פאַר קינאָס.

9) באָד און וועשעריי.

10) אין אייניקע ערטער געפינען זיך ספּעציעלע דראַם-קרייזלאַך, מוזיק-קרייזלאַך און קרייזלאַך פאַר אָפּשאַפן אַמעראַצעס.

11) גרויסע צוזאַמענוואוינונגען פאַר נייע איבערוואַנדערער (באַראַקן).

12) אין די לאַנדווירטשאַפטלאַכע קאָלעקטיוון געפינען זיך אויך אַגראָנאָמישע און וועטערינאַרישע פּונקטן.

## הנחות פון דער רעגירונג

יעדער איבערוואַנדערער קריגט פון דער רעגירונג די פאָלגנדיקע הנחות:

1) אַ ליטער, וואָס באַפרייט אים און זיין גאַנצע פאַמיליע פון 90 פּראָצענט פון די נויטיקע באַן-הוצאות. די איבערוואַנדערער, וואָס זיינען ניט פאַרמעגלאַך צו באַצאָלן די איבעריקע 10 פּראָצענט פאַר באַן-הוצאות, ווערט זיי די דאָזיקע סומע באַזאָרגט פון „געזערד“. אין פיל פאַלן ווערן אפילו די איבערוואַנדערער באַזאָרגט מיט די נויטיקע רייזע-הוצאות, ווי עסן, א. אַז. וו.

2) פאַר יעדן נייעם איבערוואַנדערער קריגט דער קאָלעקטיוו אָן וועלכן דער איבערוואַנדערער שליסט זיך אָן, אַ סומע פון 660 רובל.

פונקט ווי די באַן־הוצאות, אזוי אויך די 660 רובל ווערן געגעבן אינ-גאַנצן פריי. פאַר דער דאָזיקער סומע בויט דער קאָלעקטיוו די אַלע אויבן־דערמאָנטע קאָמונאַלע און קולטורעלע אינסטיטוציעס.

3) פאַר יעדן נייעם איבערוואַנדערער קריגט דער קאָלעקטיוו, אָן וועלכן דער איבערוואַנדערער שליסט זיך אָן, אַ קרעדיט אויף דער סומע פון איבער 2000 רובל. דער קרעדיט ווערט געגעבן אויף 15 יאָר צייט מיט 3 פּראָצענט פאַר איין יאָר בלויז, און דער קאָלעקטיוו דאַרף אָנהויבן אויסצאָלן די דאָזיקע סומע ערשט אויף דעם 6טן יאָר. פאַר דער דאָזיקער סומע ווערן געבויט די וואוינונגען, אַלע ווירטשאַפט-לאַכע איינריכטונגען, און עס ווערט איינגעקויפט דער לעבעדיקער און טויטער אינווענטאַר.

בכלל זיינען די קרעדיטן כמעט אומבאַשרייענקט. אַלסביישפּיל קאָנען דינען די פאָלגנדיקע קרעדיטן, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן פון דער רעגירונג פאַר דעם יאָר 1931, פאַר די פאָלגנדיקע קאָלעקטיוון און אָרטעלן:

פאַר דעם קאָלעקטיוו וואַלדהיים, 700 טויזנט רובל.

אַמורזעט, איין מיליאָן רובל.

בירעפעלד, 765 טויזנט רובל; 240 טויזנט רובל פאַר הייזער, 248 טויזנט רובל פאַר ווירטשאַפטלאַכע געביידעס, און 217 טויזנט רובל פאַר לעבעדיקן אינווענטאַר.

די קאָמונע איקאָר — 180 טויזנט רובל.

טיכאָנקער אָרטעלן — איין מיליאָן מיט 300 טויזנט רובל.

4) ווערן באַפרייט פון שטייער־אָפּצאָל. די וואָס באַזעצן זיך אויף שוין-באַארבעטן באָדן, ווערן באַפרייט פון שטייער־אָפּצאָל אויף 10 יאָר; די וואָס באַזעצן זיך אויף רוי ערד, ווערן באַפרייט פון שטייער-אָפּצאָל אויף גאַנצע 15 יאָר.

5) אין פיל פאַלן ווערט די יוגנט באַפרייט פון מיליטער־דינסט.

# פלענער פאַר דער ווייטערדיקער אַרבעט

די אַרבעט אין בירא-בידזשאַן איז איינגעשלאָסן אין דעם 5-יאָר פּלאַן, וואָס דער ראַטנפאַרבאַנד פירט איצט דורך. פאָלגנדיקע פלענער זיינען אָנגעצייכנט געוואָרן און דאַרפן דורכגעפירט ווערן אין די קומענדיקע 3 יאָר, ביז דעם סוף פון 5-יאָר פלאַן.

1) באַזעצן 50 טויזנט אידישע נפשות. דאָס איז פון אַרום 10 ביז 11 טויזנט פאַמיליעס.

2) גרינדן 22 סאָוכאָזן (מלוכה'שע ווירטשאַפטן). די פאָלגנדיקע זעקס זיינען שוין געגרינדעט געוואָרן און האָבן געבראַכט באַדייטנדיקע רעזולטאַטן: דער ערשטער סאָוכאָז, אַ מילך- און גאָרטן-ווירטשאַפט, אין פאָקראָווקע, ניט ווייט פון כאַבאַראָווסק. די ווירטשאַפט האָט אין אָקטאָבער געהאַט 100 בהמות, 35 פערד, אַ גאַנצע ריי הייזער פאַר וואוינונגען און ווירטשאַפטלאַכע געביידעס, און אַ גאַנצע רייע מאַשינען, ווי טראַקטאָרס, אויטאָמאָבילן, א. א. וו. דער פלאַן פאַר דער נאָענטער צוקונפט איז צו פאַרגרעסערן די ווירטשאַפט ביז 3 טויזנט בהמות.

דער צווייטער סאָוכאָז, אין יעקאַטערינאָ-ניקאָלסקער געגענט — ניט ווייט פון קאָלעקטיוו אמורזעט, אַ רייז- און גאָרטן-ווירטשאַפט. דער גרעסטער טייל אַרבעטער זיינען קאַרייער. די ווירטשאַפט האָט געהאַט 60 פערד, 30 אָקסן, און 3 טראַקטאָרס. לעצטן יאָר האָט מען דאָרט פאַרזייט 110 העקטאַר מיט רייז, און אַ גאַנץ גרויסן שטח מיט פאַר־שידענע גאָרטן-קולטורן. פאַר קומענדיקן יאָר ווערט געפּלאַנט צו באַ־אַרבעטן 500 העקטאַר פאַר רייז אַליין, אויסער גאָרטן-קולטורן. די אַרבעטער פאַרדינען דאָרט פון 4 ביז 5 רובל אַ טאָג. די פאַרדינסטן

זיינען דאָרט גרעסער ווי אין אַנדערע סאָוכאָזן, ווייל די אַרבעט איז אַ שווערערע.

דריטער סאָוכאָז, אין זעלבן געגנט — אַ תבואה-ווירטשאַפט. עס ווערן דאָרט באַשעפטיקט 600 אַרבעטער, 50 פראָצענט אידן. די ווירט־שאַפט האָט איצט 32 „קאַטערפּילערס“, 20 „אינטערנאַציאָנאַל“ טראַק־טאָרס און 10 אויטאָמאָבילן. לעצטן יאָר איז באַאַרבעט געוואָרן 10

טויזנט העקטאר. דער פלאן פאר קומענדן יאר איז צו באארבעטן 20 טויזנט העקטאר.

פערטער סאָווכאָז, אויך אין זעלבן געגנט—א פי־צוכט-ווירטשאפט.

נאָך צוויי סאָווכאָזן, וואָס וועלן זיך פארנעמען מיט קולטיווירן סאָיע-בעבלאך.

אין די אלע סאָווכאָזן זיינען די פארדינסטן פון די באשטענדיקע ארבעטער פון 60 ביז 75 רובל א חודש. פון די סעזאָן־ארבעטער — איבער 100 רובל א חודש. שאָפערס און טראקטאָריסטן פארדינען פון 100 ביז 150 רובל א חודש. אלע ארבעטער קריגן פריי וואוינונג און אלע נויטיקע ספעציעלע מלבושים פאר דער ארבעט. אין די אלע סאָווכאָזן זיינען איינגעאָרדנט ספעציעלע רעסטאָראנען, וואו די ארבע-טער קריגן 3 מאָל א טאָג עסן פאר 1 רובל מיט 10 קאָפּיקעס.

3) בויען אן אייזנבאן־ליניע פון טיכאָנקע צום אמור, וואָס וועט דורכשניידן דעם גאנצן שטח פון בירא-בידזשאן און אזוי ארום פאר־גרינגערן די פארקער-מיטלען.

4) בויען א קאָנסערוון־פאבריק אין טיכאָנקע, אין וועלכן עס וועלן קאָנסערווירט ווערן פארשידענע פישן, פליישן און גאָרטן-פראָדוקטן. לויטן פלאן וועט די פאבריק קאָסטן איבער 5 מיליאָן רובל און וועט קאָנען באשעפטיקן ארום 2 טויזנט מענטשן.

5) בויען א מעטאלורגישן זאוואָד (א גוס־פאבריק) אויפן כינגאן, וואָס וועט עקספּלואטירן די ארץ־אוצרות, וואָס געפינען זיך דאָרט.

6) בויען א צוקער-פאבריק. איינע פון די געפלאנטע סאווכאזן

וועט פראָדוצירן בוריקעס, און ביים סאָווכאָז וועט געבויט ווערן די פאבריק, וואָס וועט פארוואנדלען די בוריקעס אין צוקער.

7) בויען א פאָרים-פאבריק. א צווייטער פון די געפלאנטע

סאָווכאָזן וועט פּראָדוצירן פלאַקס. ביים סאָווכאָז וועט געבויט ווערן די פאַבריק צו פאַרוואַנדלען דעם פלאַקס אין פאָדים.

8) אָרגאַניזירן דריי טראַקטאָר־סטאַנציעס. איין סטאַנציע אין אַמורזעט, די צווייטע אין בירע פעלד, און די דריטע איז נאָך ניט געווען באַשטימט. די טראַקטאָר-סטאַנציעס וועלן באַדינען דעם גאַנצן ראַיאָן מיט אַלע נויטיקע טראַקטאָר־אַרבעטן און אַנדערע טעכנישע אַרבעטן. פאַר מיין צייט זיינען שוין ווערבירט געוואָרן די קורסאַנטן צו לערנען זיך פאַר טראַקטאָריסטן. די קורסן זיינען פינף־חדשים׳דיקע.

9) עס וועלן אָנגענומען ווערן אַלע נויטיקע און מעגלאַכע מיטלען צו עלעקטראַפיצירן דעם גאַנצן ראַיאָן, אַזוי, אַז טיכאָנקע וועט ניט זיין דער איינציקער פונקט וואו איך האָב שוין געטראָפן עלעקטרישע באַ-לייכטונג.

10) עס וועלן אויך אָנגענומען ווערן אַלע נויטיקע און מעגלאַכע מיטלען איינצושטעלן אין דער גאַנצער געגנט טעלעפאָנישע פאַרבינדונ-גען. (אין פרט פון טעלעפאָנישע פאַרבינדונגען, האָב איך שוין געטראָפן אַ גאַנץ באַדייטנדיקן אָנהויב. שוין פאַר מיין צייט זיינען טיכאָנקע, וואַלדהיים און בירע פעלד געווען פאַרבונדן טעלעפאָניש).

11) בויען אַ גרויסע קאַלך־פאַבריק אין בירא-קאַן, וואָס וועט פאַרוואַנדלען די אַלע דאָרט עקזיסטירנדיקע קאַלך־אָרטעלן אין איין גרויסער אונטערנעמונג אויף אַ גאָר גרויסן מאַסשטאַב.

12) בויען אַ גרויסע האָלץ־פאַבריק אין ניקאָלייעווקע, ניט ווייט פון כאַבאַראָווסק, וועו עס וועלן באַנוצט ווערן די האָלץ באַאַרבעטונג מאַשינעס, וואָס הער איקאָר האָט איבערגעשיקט. פאַר דעם צוועק האָט די רעגירונג באַשטימט אַ מיליאָן מיט צוויי הונדערט טויזנט רובל.

13) עס וועלן אָנגענומען ווערן אַלע נויטיקע מיטלען צו פאַר-ריכטן די שוין עקזיסטירנדיקע וועגן און בויען נייע. אין דער אַרבעט וועלן די עקסקאַוואַטאָרס, וואָס דער איקאָר האָט געשיקט, שפּילן אַ באַדייטנדיקע ראָל. שוין אין מיין צייט האָבן די עקסקאַוואַטאָרס גע-בויט דעם וועג פון טיכאָנקע קיין וואַלדהיים, אַ שטח פון 12 ווייאָרסט.

# קלימאַטישע באַדינגונגען

אין פּרט פון די קלימאַטישע באַדינגונגען, פאַרלאָז איז זיך אינ־גאַנצן אויף דער אינפאָרמאַציע פון די איבערוואַנדערער און גיב זיי איבער ווי איך האָב זיי באַקומען. דער האַרבסט איז דאָרט באמת וואונדערבאַר. קאָן אפשר קאָנקורירן מיט דעם שטאַט קאַליפאָרניע. דאָס קען איך אַליין באַשטעטיקן. בייטאָג וואַרים און טרוקן. אין די נעכט ווערט אמת קילער, אָבער דערפאַר זייער טרוקן און ליכטיק. דער ווינטער איז אויך ניט שלעכט. ניט אכטענדיק, וואָס די קעלט גרייכט אָפּט איבער דרייסיק אונטער זירא, פונדעסטוועגן פילט מען דאָס ניט, ווייל די לופט איז טרוקן. בייטאָג זיינען דאָרט די שטראַלן פון דער זון אַזוי ווירקזאַם, אַז מען פילט כמעט די קעלט אינגאַנצן ניט. דער פרילינג איז בערך אַזוי ווי דער האַרבסט. דער ערגסטער טייל יאָר איז דער זומער, באַזונדערס די חדשים יולי און אויגוסט. אין די דאָזיקע חדשים ווערט זייער וואַרים. עס קומען רעגנס, און מיט די רעגנס קומט דער „גנוס", וואָס באַלעסטיקט שטאַרק סיי די מענטשן, סיי די חיות. האָבן מיר אָבער די איבערוואַנדערער איבערגעגעבן, אַז אין די ערטער, וואו דער באָדן איז איבערגעאַקערט, די וואַסער־זומפּן, וואו דער גנוס האָט זיינע נעסטן, פאַרשאָטן, בכלל אין די ערטער, וואו עס איז שוין מער־ווייניקער קולטעווירט, פאַרשווינדט דער גנוס. אַזוי אַרום קאָן מען דערוואַרטן, אַז אַזוי גיך ווי דער גאַנצער שטח לאַנד וועט מער־ווייניקער קולטיווירט ווערן און עס וועט דורכגעפירט ווערן די נויטיקע מעליאָראַציע, וועט דער גנוס פאַרשווינדן.

עס איז אויך וויכטיק צו באַמערקן, אַז דער קלימאַט אין בירא־בידזשאַן האָט נאָך אַ מעלה. ער בייט זיך ניט צו אָפּט. סיי דער ווינטער, סיי דער זומער, האַלטן אָן אייניקע חדשים, אַזוי אַז דער קערפּער האָט געענוג צייט איינצוגעוואוינען זיך — ווינטער מיט דער קעלט, און זומער מיט דער היץ. אויף אַזוי פיל ווי קלימאַטישע באַ־דינגונגען קענען ווירקן אויף דעם געזונט־צושטאַנד פון די אָרטיקע איינוואוינער, איז אפשר כדאי צו באַמערקן דאָס פאָלגנדיקע: ניט אכטנדיק אויף דעם, וואָס דער עולם לעבט דאָרט ניט אין קיין באַזונדערס גוטע סאַניטאַרע און היגיענישע באַדינגונגען, זיינען אַלע געזונט און שטאַרק. האָב איך וועגן דעם ענין געהאַט אַ גאַנץ לאַנגן שמועס מיט אַ דאָקטאָר, וואָס פּראַקטיצירט שוין איבער אַ יאָר צייט אין יעקאַטע־

רינאָ־ניקאָלסקער שפּיטאָל. ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז אין זיין דער־פאַרונג האָט ער נאָך ניט געטראָפן קיין קראַנקהייט, וואָס זאָל זיין אַ רעזולטאַט פון קלימאַט.

## באַציאונג מצד די אָרטיקע איינוואוינער צו די איבערוואַנדערער

די באַציאונג מצד די אָרטיקע איינוואוינער צו די אידישע איבער־וואַנדערער איז מער ווי צופרידנשטעלנדיק. נישט נאָר האָב איך ניט באַמערקט קיין קעגנערשאַפט, נאָר פאַרקערט, די אידישע איבערוואַנ־דערער ווערן אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס, ווערן באַגעגנט מיט אמת'ער פריינטשאַפט. די סיבות זיינען די פאָלגנדיקע: דער קאָזאַק, דער קאָרייער אָדער טונגוס, קען ניט דעם אַמאָליקן אידן, דעם אַמאָליקן הענדלער און מעקלער. ער זעט פאַר זיך אַ מענטשן, אַ האָרעפּאַשניק, וואָס ארבעט גלייך מיט אים. האָט ער ניט קיין סיבה צו זיין זיינער אַ שונא. באַזונדערס ווען דער אידישער איבערוואַנדערער נעמט ביי אים קיין זאַך ניט צו. וואָס איז שייך דעם רוס און אוקראַינער זיי קענען שוין יאַ דעם אַמאָליקן אידן. זעען זיי אָבער, אַז די אָנקומענ־דיקע אידן פאַרנעמען זיך מיט אַרבעט, און אַז מיט זייער אַריינקומען קומט אויך אַריין קולטור, קומט אַריין אַ טראַקטאָר, קומט אַריין אַן עקסקאַוואַטאָר, בויט מען וועגן, בויט מען הייזער, ווערט דאָס לאַנד קולטיווירט, ווערט אים אויך גרינגער דאָס לעבן און אַזוי אַרום אַרבעט זיך אויס אַ געמיינשאַפטלאַכער אינטערעס צווישן די אַלטע און די נייע איבערוואַנדערער.

## שטימונג צווישן די איבערוואַנדערער

אויך אין דעם פּרט פון דער שטימונג צווישן די אידישע איבער־וואַנדערער, האָב איך געטראָפן די לאַגע זייער צופרידנשטעלנדיק. ניט געקוקט אויף דעם, וואָס זייער אַרבעט איז פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן, ווי אַלע אַנדערע פּיאָנערן אַרבעטן, פונדעסטוועגן זיינען זיי זייער גוט געשטימט און זיינען דורכגעדרונגען מיט דעם באַוואוסט־זיין, אַז זיי דאַרפן דאָ בויען זייער לעבן אונטער אַלע אומשטענדן. באַזונדערס ווערן די איבערוואַנדערער דערמוטיקט פון די גרויסע פּער־ספּעקטיוון, פון די גרויסע מעגלאַכקייטן, וואָס געפינען זיך אין לאַנד

און פון די גרויסע הנחות מיט וועלכע די רעגירונג קומט אַנטקעגן. זיי פילן, אַז זיי שטייען ניט אַליין אין זייער פּיאָנערן אַרבעט, נאָר אַז די רעגירונג איז גרייט זיי צו העלפן מיט אַלע מעגלאַכקייטן.

אין די אַלע אויבנדערמאָנטע פּונקטן האָב איך געהאַט פאַרזאַמ־לונגען און שמועסן מיט די איבערוואַנדערער, אויף אַלע מיינע פראַגן האָב איך געקראָגן איין ענטפער, מיר זיינען ניט גענאַרט ביי זיך, מיר ווייסן, אַז אונז וועט נאָך אויסקומען איבערצולעבן פאַרשידענע שוועריג־קייטן, אָבער וואָס פאַר אַ באַטרעף האָבן די שוועריקייטן לגבי די גרויסע פּערספּעקטיוון, פּערספּעקטיוון פאַר אַ געזונטן פּראָדוקטיוון לעבן.

## בירא-בידזשאַן אַלס זעלבסטשטענדיקער ראַיאָן

דעם 30טן סעפּטעמבער איז אין טיכאַנקע דערעפנט געוואָרן דער ערשטער ראַיאָנער ראַטן־צוזאַמענפאָר אין בירא־בידזשאַן, ביי וועלכן בירא־בידזשאַן איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין אַן איינהייטלאַכן זעלבסט־שטענדיקן ראַיאָן, אַנשטאָט וואָס פריער איז בירא־בידזשאַן געווען איינ־געטיילט אין 4 ראַיאָנען. די אַלע געוועזענע ראַיאָנען בילדן איצט איין גרויסן ראַיאָן מיט אַ באַזונדערער לאָקאַלער רעגירונג. דאָס וועט דערמעגלאַכן, אַז די גאַנצע בויאונגס אַרבעט דאָרט זאָל געפירט ווערן פּלאַנמעסיקער און מיט שנעלערן טעמפּאָ. דער צענטער פון בירא־בידזשאַן איז איצט אין טיכאָנקע, דאָרט געפינט זיך אַזוי צו זאָגן די רעגירונג, דער ראַיאָנער אויספיר־קאָמיטעט.

## די רעפּובליק-פראַגע

דער ראַיאָן איז נאָך ניט קיין אידישער. ער קאָן דאָס נאָך ניט זיין, ווייל די גרעסטע מערהייט פון דער איצטיקער בירא־בידזשאַנער באַפעלקערונג איז נאָך ניט קיין אידישע. דער ציל אָבער פון אָרגאַניזירן דעם ראַיאָן איז, אַז ער זאָל וואָס גיכער באַזעצט ווערן מיט האָרעפּאַשנע אידישע מאַסן און זאָל וואָס גיכער ווערן אַ אידישער נאַציאָנאַלער ראַיאָן און אַזוי ארום זאָל אויסגעפירט ווערן דער באַשלוס פון דער סאָוועטן־רעגירונג פון 28טן מערץ פון 1928טן יאָר, איבערצוגעבן בירא־בידזשאַן פאַר אויסשליסלאַכער אידישער מאַסן־קאָלאָניזאַציע מיט דער אויסזיכט צו גרינדן דאָרט אַ אידישע־סאָציאַליסטישע סאָוועטן־רעפּוב־

ליק, דער פאַלגנדיקער טייל פון א רעזאָלוציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן ביי דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון ביראָ־בידזשאַנער ראַיאָן, באַשטעטיקט, אַז ביראָ־בידזשאַן וועט אין דער גאַנץ נאָענטער צוקונפט ווערן א אידישער נאַציאָנאַלער ראַיאָן:

„די פאַרזאַמלונג דריקט אויס איר גלויבן, אַז אין ביראָ־בידזשאַן וועט דאָס לעבן גיין מיט'ן וועג פון געזונטן אינטערנאַציאָנאַלן אויפבוי, און אַריינגעמענדיק אַלע נאַציאָנאַליטעטן פון דעם ראַיאָן וועט דער ראַיאָן אונטער אָנטשפּרעכנדיקע אומשטענדן צוגיין צו דער פאַר־ווירקלאַכונג פון דעם באַשלוס פון דער סאָוועטישער רעגירונג צו שאַפן א אידישן אַדמיניסטראַטיוון צענטער.“

אחוץ דער רעזאָלוציע, האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו הערן פאָרלייענען טעלעגראַמעס פון א גאַנצער רייע פּאַרטיי און מלוכה־טוער. א' טעלעגראַמע פון קאַלינין, פאָרזיצער פון פּרעזידיום פונם אַלפאַרבאַנדישן צאַ“ק, א טעלעגראַמע פון טשערוויאַקאָוו, פאָרזיצער פון דער ווייס־רוסישער רעפּובליק און מיטגליד פונם פּרעזידיום פונם אַלפאַרבאַנדישן צענטראַל אויספיר־קאָמיטעט, פון סמידאָוויטש, וויצע־פאָרזיצער פונ'ם פּרעזידיום פונ'ם אַלפאַרבאַנדישן צאַ“ק און פאָרזיצער פון קאָמערד, מלוכה־אָרגאַן צו העלפן פּראָדוקטיוויזירן די אידישע מאַסן, און נאָך א גאַנצע רייע טעלעגראַמעס פון פּאַרטייאישע און מלוכה־אָרגאַנען. די אַלע טעלעגראַמעס האָבן צווישן אַנדערס אונטערשטראָכן דעם וואונש, אַז דער נייער ראַיאָן זאָל באַזעצט ווערן מיט האָרעפּאַשנע אידישע מאַסן און זיי צוזאַמען מיט די אַנדערע פעלקער זאָלן דאָרט בויען דעם סאָציאַליזם.

## אויספירן

ביראָ־בידזשאַן איז א גרויס לאַנד מיט אומגעהויערע גרויסע מעג־לאַכקייטן, סיי אויף דעם געביט פון לאַנדווירטשאַפט, סיי אויף דעם געביט פון אינדוסטריע. דער ווייטער מזרח בכלל און ביראָ־בידזשאַן בפרט וועט מיט דער צייט שפּילן א באַדייטנדיקע ראָל אין דער אַנט־וויקלונג פונ'ם ראַטן־פאַרבאַנד. בויען ביראָ־בידזשאַן מיינט דעראָבערן נאָך א טעריטאָריע פאַר דעם סאָציאַליזם. פילן זיך טאַקע שטאַלץ און גליקלאַך די אידישע האָרעפּאַשנע מאַסן פון ראַטן־פאַרבאַנד דערמיט

וואס אויף זיי איז געפאלן דער גורל צו זיין די פיאנערן, די בויער פון דעם דאזיקן לאנד; זיינען זיי גרייט אויסצושטיין די גרעסטע שוועריקייטן ברייננגען די גרעסטע קרבנות.

מיר דא אין אמעריקע, מיר, די אידישע ארבעטער און ארבעטנדיקע מאסן, דארפן צוטראגן אונזער חלק צו דער דאזיקער גרויסער היסטארישער סאציאליסטישער בויאונגס ארבעט. מיט אונזער הילף וועלן מיר פארגרינגערן דאס לעבן פון די פיאנערן. מיט אונזערע בייטראגן וועלן מיר פארזיכערן דאס אויפבויען פון דעם לאנד, דעם אידישן בירא־בידזשאן.

## ווייטערדיקע אויפגאבן פון „איקאר“

אין די ביז־איצטיקע דערגרייכונגען אין בירא־בידזשאן האט דער „איקאר“ געשפילט א וויכטיקע ראלע; זיינע טראקטארס זיינען געווען די ערשטע, וואס האבן דורכגעאקערט דעם באדן און פארוואנדלט רויע ערד אין בליענדע פעלדער און גערטנער; זיינע עקסקאוואטארס האבן געבויט וועגן, געריסן בערג און פארשאטן גריבער; זיינע אויטאמאבילן, מאטאר־טראקס און מאטארציקלס האבן דערמעגלאכט די פיאנערן זיי זאלן זיך קאנען גרינגער באוועגן, איין ישוב זאל קענען קומען אין באריִרונג מיט דעם צווייטן; זיינע האלץ־באארבעטונג מאשינעס האבן א סך געהאלפן אין די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען.

שוין גאר לעצטנס האט דער „איקאר“ געשיקט אהין א ריזיקן אינקובאטאר, א פרעס מאשין, צוויי עלעקטרישע סטאנציעס און נאך א גאנצע רייע אנדערע מכשירים.

מיט די אלע צוגעשיקטע טראקטארס און מאשינעס האבן זיך אבער נאך ווייט ניט אויסגעשעפט די אויפגאבן און פליכטן פון „איקאר“ אין אט־דעם געביט. בירא־בידזשאן איז א פיאנערן־לאנד, און כדי אויפצוהויבן עס נויטיקט זיך עס אין פיל מאדערנע מאשינעס. עס פאדערן זיך מאשינעס פון מעליאראציע און קארטשעוואניע. עס נויטיקן זיך אויך מאדערנע מאשינעס פאר בוי־ארבעט, ווי זעג־מאשינעס, טיר־אין־פענסטער־מאשינעס און נאך אזעלכע. נאר דורך מאדערנע בוי־מאשינעס וועט דארט געלייזט ווערן דער שווערער פראבלעם פון וואוינונגען.

וויכטיק איז אויך צו באַזאָרגן ביראָ-בידזשאַן מיט אייניקע מאַשין-פאַבריקן (מאַשין שאַפּס) פאַר רעמאָנט צו פאַרריכטן צעבראָכענע אָדער אָפּגענוצט מאַשינעס.

כדי דורכצופירן אָט די דאָזיקע אויפגאַבן, רופט דער „איקאָר“ די ברייטע אידישע מאַסן צו שטעלן זיך אין זיינע רייען און אַקטיוו באַטייליקן זיך אין דער בוי־אַרבעט אין ביראָ־בידזשאַן. מיט דער הילף פון די ברייטע אידישע מאַסן האָט דער „איקאָר“ אָנגעהויבן זיין אַרבעט אין ביראָ-בידזשאַן, מיט העד הילף פון די ברייטע אידישע מאַסן וועט אויך אויף ווייטער דער „איקאָר“ פאָרטזעצן זיין אַרבעט נאָך מיט מער ענערגיע און מיט מער איבערגעגעבנקייט.